8

יוגנט־ביבליאָטעק „ח ב ר"

אָנטאָן נאָווינאַ

# די ווייסרוסן

ב י י ל אַ ג ע:

אַ ד אָ ר פ ס י ו נ ג — טאַראַס הושטשאַ.
(פון ווייסרוסיש)






דרוק ש. עפשטיין שטראַשון גאַס 6.

Di Wa srusen. A. Nowina.

ISBN:0-657-12279-3

יוגנט-ביבליאָטעק „ח ב ר"

אָנטאָן נאָווינא:

# די ווייסרוסן

בײלאַגע:

אַדאָרפּס יונג — טאַראַס הושטשאַ.
(פון ווייסרוסיש)




דרוק ש. עטשטיין שטראשון גאַס 6.

Di Waisrusen. A. Nowina.

צווישן די פעלקער, מיט וועלכע די יידן פון אונזער געגנט לעבן בשכנות, אויף איין טעריטאָריע, פאַרנעמט דאָס ווייסרוסישע פאָלק גאָר אַ באַזונדערן אַרט. דאָס דאָזיקע פאָלק איז אין משך פון אַ סך הונדערטער יאָרן געווען אונטערדריקט פון אַנדערע פעלקער. אַ צייט מיט יאָרן איז עס געווען עקאָנאָמיש, פּאָליטיש און גייסטיק פאַרשקלאַפט. דאָס דאָזיקע פאָלק, וואָס איז אַמאָל געווען דער פולבאַרעכטיקטער באַלעבאָס פון זיין ערד, האָט זיך אין דער לעצטער צייט גייסטיק באַנייט; און איצט שטרעבט עס, פונקט ווי אירלאַנד, אויך צו דער עקאָנאָמישער און פּאָליטישער ווידעראויפלעבונג און באַנייאונג, קעמפנדיק, פונקט ווי אירלאַנד, פאַר זיין אומאָפּהענגיקן קיום, פאַר דער פאַרווירקלעכונג פון זיין נאַציאָנאַלן אידעאַל וועלכע ער האָט אומזיסט געהאָפּט צו באַקומען פון די „וואָס האַלטן אין זייערע הענט דעם גורל פון דער וועלט“...

ס׳איז אינטערעסאַנט צו פאַרצייכענען, ווי אַזוי איז פאָרגעקומען די ערשטע באַגעגעניש צווישן די ווייסרוסן און די יידן. דאָס יידנטום, ווי אַ רעליגיע, איז אַריינגעדרונגען קיין ווייסרוסלאַנד אַ סך פריער ווי די יידישע מאַסן, וועלכע האָבן זיך אַהער אַ שאָט געטאָן אין מיטלאַלטער, זיך ראַטעווענדיק פון די פאַרפאָלגונגען פון מערב-אייראָפּע. ס׳איז פאַראַן אַ השערה, אַז די יידישע רעליגיע איז געבראַכט געוואָרן צו די ווייסרוסן ניט דורך יידן, נאָר דורך די כאָזאַרן — אַ פאָלק, וואָס האָט אַ גאַנץ היבשע צייט געלעבט אויף דרום פון דער איצטיקער אוקראַינע. יעדנפאַלס ווייס מען זיכער, אַז אין 12-טן יאָרהונדערט זיינען אין בריסק און אין נאָך אייניקע שטעט אין מערב-ווייסרוסלאַנד געווען יידישע רעליגיעזע עדות, וואָס זיינען באַשטאַנען נאָר פון ווייסרוסן. דאָס ווערט באַשטעטיקט דורך דאָקומענטן; אין איינעם פון די דייטשע אַרכיוון איז פאַראַן אַ גאַנצע קאָרעספּאָנדענץ, וועלכע די בריסקער ווייסרוסן פון יידישן גלויבן האָבן געפירט מיט די דייטשע יידן, בעטנדיק, די דייטשע יידן זאָלן זיי צושיקן אַ רב, וואָס קען העברעאיש, ווייל די מיטגלידער פון דער בריסקער עדה זיינען מיט דערדאָזיקער שפּראַך ניט באַקאַנט און זיי קענען ניט לייענען די הייליקע ביכער. מ׳דאַרף אָננעמען, אַז בעת פון מערב-אייראָפּע זיינען אין ווייסרוסלאַנד אָנגעקומען אַ סך יידן-עמיגראַנטן, האָבן זיי זיך אין אַ גאַנץ גרויסער מאָס מתחתן געווען מיט די ווייסרוסן פון יידישן גלויבן. דערמיט ער-

קלערט זיך, וואָס צווישן די יידן פון אונזער קאַנט טרעפן זיך אַזוינע, וואָס זיינען גאָרניט ענלעך צום סעמיטישן טיפּ.

דאָס יידנטום איז אין ווייסרוסלאַנד אַלט ניט ווייניקער, ווי דאָס קריסטנטום. די געשיכטע דערציילט אונז, אַז די ווייסרוסן האָבן איבערגענומען דאָס קריסטנטום ביי די קיעווער רוסן ערשט אין 10־טן יאָרהונדערט, און מיט די כאַזאַרן, פון וועלכע זיי האָבן איבערגענומען די יידישע רעליגיע, האָבן זיי געהאַט באַציאונגען אַ סך פריער, נאָך איידער די קיעווער רוסן האָבן אַליין אָנגענומען די קריסטלעכע רעליגיע.

* * *

אין יענע אַלטע צייטן האָבן זיך נאָך די ווייסרוסן געטיילט אויף באַזונדערע גרופּעס־שבטים: די קריוויטשן, דרעגאָוויטשן און ראַדימיטשן — זיי האָבן פאַרנומען דעם בעקן פונם אייבערשטן ניעמאַן, פון דער מערב־דווינע און פונם דניעפּער מיט זיינע בייטייכן — בערעזינאַ, פּריפּעט און סאָזש. אַזוי אַרום זעען מיר, אַז אויף דער ווייסרוסישער ערד זיינען געפלאָסן און פליסן אויך איצט טייכן, וועלכע פאַלן אַריין אינם באַלטישן ים, טיילווייז אינם שוואַרצן, און פאַרצייטנס זיינען די טייכן געווען דאָס בעסטע פאַרקערסמיטל און איבער זיי איז דאָס רוב געפירט געוואָרן דער גאַנצער מסחר פון יענער צייט. אַדאַנק דעם, איז ווייסרוסלאַנד געווען אין זייער אַ גוטער לאַגע, האָבנדיק דורך די טייכן אַ פרייען וועג צו צוויי ימען. און אַזוי ווי דער אייבערשטער שטראָם פונם דניעפּער איז זייער נאָענט צו דער מערב־דווינע, האָט זיך דורך ווייסרוסלאַנד איינגעשטעלט זייער אַ באַקוועמער האַנדלסוועג פון דעם באַלטישן ים קיין שוואַרצן אַריין: מע פלעגט פירן די סחורה פונם באַלטישן ים איבער דער דווינע (אַרויף שטראָם), דערנאָך פלעגט מען איבערשלעפּן די סחורות פון דער דווינע ביזן דניעפּער איבער דער יבשה און לסוף פלעגט מען זיי לאָזן איבערן דניעפּער אין שוואַרצן ים אַריין, און דורכן שוואַרצן ים פלעגט מען שוין אַריינדרינגען ווייטער צו די ברעגעס פון וויזאַנטיע און מע פלעגט דערגיין ביז סאַמע קאָנסטאַנטינאָפּאָל.

ס׳פאַרשטייט זיך, אַז דידאָזיקע געאָגראַפישע לאַגע האָט געגעבן ווייסרוסלאַנד די מעגלעכקייט שוין אין די אַלטע צייטן צו פאַרבינדן באַציאונגען סיי מיט מערב־אייראָפּע (דורך דעם באַלטישן ים און ריגע), סיי מיט וויזאַנטיע, און שעפּן מיטביידע הענט די קולטורעלע אוצרות פון מערב און פון מזרח. אין 12־טן יאָרהונדערט האָט שוין ווייסרוסלאַנד פאַרמאָגט אַ גאַנצע ריי גרויסע קולטורעלע צענטערס אין די שטעט — פּאָלאָצק, סמאָלענסק, טוראָוו און אַנדערע. די נעמען פון דידאָזיקע צענטערס זיינען פאַרבונדן מיט די נעמען פון גרויסע קולטור־טוער און געלערנטע, וואָס האָבן אַגב אויסגעצייכנט געקענט די גריכישע שפּראַך און די גריכישע פילאָזאָפן.

שוין אין יענער צייט האָבן זיך די ווייסרוסן שאַרף אָפּגעשיידט סיי

פון זייערע דרומדיקע שכנים, די אוקראַינער (דאָס קיעווער רוסלאַנד), סיי פון זייערע מזרחדיקע שכנים — די גרויסרוסן (דאָס מאָסקווער רוסלאַנד), מיט וועלכע זיי פלעגן אָפט פירן מלחמות. דידאָזיקע אָפּזונדערונג איז געוואָרן באַזונדערס שאַרף, בעת מאָסקווער און קיעווער רוסלאַנד זיינען אַרונטערגעפאַלן אונטערן יאָך פון די טאָטערן, וועלכע האָבן געהאַט אַ גרויסע ווירקונג סיי אויף דעם שטייגער פונם לעבן און אויף די מנהגים, סיי אויף דער שפּראַך פון די באַזיגטע פעלקער. דער מאָנגאָלישער שטראָם (די פאַרפלייצונג פון די טאָטערן, וועלכע געהערן צו דער מאָנגאָלישער ראַסע) האָט די ווייסרוסן כּמעט ווי ניט אָנגערירט, דערפאַר אָבער האָבן אָט די געשעענישן, וואָס זיינען פאָרגעקומען אויף מזרח מיטגעווירקט, אַז די ווייסרוסן זאָלן זיך נאָך פעסטער פאַראייניקן מיט זייערע מערבדיקע שכנים — די ליטווינער.

אין משך פון דעם 13-טן און 14-טן יאָרהונדערט האָבן זיך אַלע ווייסרוסישע געביטן (לענדער) פאַראייניקט מיט די ליטווינער אין איין מלוכה. אין דערדאָזיקער מלוכה איז ליטווינער געווען אין פינף מאָל ווייניקער, ווי ווייסרוסן. דער ווייסרוסישער הערב איז געווען דער מלוכה-הערב (אַ רייטער אויף אַ פערד — „די פאַרפאָלגונג"), די ווייסרוסישע שפּראַך איז געווען די מלוכה-שפּראַך און די שפּראַך פון דער גאַנצער אינטעליגענץ; מערניט דער נאָמען פון דער מלוכה איז געווען פאַרבונדן מיטן נאָמען פון די ליטווינער: „דאָס גרויסע ליטווישע פירשטנטום", אַזוי איז געווען איר אָפיציעלער נאָמען. אויך די געזעצגעבונג פון דער מלוכה האָט געשטאַמט פון די ווייסרוסן: עס איז אָנגענומען געוואָרן די זאַמלונג פון געזעצן, וועלכער איז צונויפגעשטעלט געוואָרן דורך ווייסרוסישע יוריסטן אין 1529 יאָר.—„דער סטאַטוט פון דעם ליטווישן גרויספירשטנטום" (ווי ס'האָט געהייסן דאָס דאָזיקע בוך) איז אַלזאָ אַ רעזולטאַט פון דער אינטעלעקטועלער, ד. ה. גייסטיקער שאַפונג פון דעם ווייסרוסישן פאָלק; די ערשטע צוויי פונקטן פון דעם דאָזיקן סטאַטוט גיבן אונז אַ קלאָרן באַגריף וועגן דעם גייסט פון אָט דער געזעצגעבונג, וועלכע איז געוואָרן באַרימט אין דער גאַנצער וועלט (אין דער אויסגאַבע פון 1586 יאָר, וועלכע איז אָפּגעדרוקט אויף ווייסרוסיש אין ווילנע). דער ערשטער פונקט זאָגט, אַז אַלע בירגער פון דער מלוכה, אויך די פּרעמדלענדישע, דאַרפן ווערן געמשפּט אומאָפּהענגיק פון זייער שטאַנד און לאַגע לויט דיזעלביקע געזעצן, וואָס זיינען פעסטגעשטעלט אינם סטאַטוט, און דער גרויספירשט דאַרף געבן אַ שבועה, אַז ער וועט בלייבן טריי די געזעצן, ד. ה. ער וועט האַנדלען נאָך זיי און וועט זיי ניט ענדערן. דאָס באַווייזט, אַז שוין אין יענע צייטן האָט אין ווייסרוסלאַנד דאָס געזעץ ניט געמאַכט קיין אונטערשייד צווישן אָרים און רייך, קריסט און ייד, איינגעבוירענער און אויסלענדער. אינם צווייטן פונקט פונם סטאַטוט זאָגט זיך: דער גרויספירשט דאַרף געבן אַ שבועה, אַז קיינער טאָר ניט באַשטראָפט ווערן פאַר מאַיעסטעט-באַליידיקונג (ד. ה. פאַרן באַליידיקן דעם גרויספירשט) אונטער די אויגן מיט ווערטער. דאָס זיינען אייגנטלעך די אמתע יסודות פון איצטיקן קאָנסטיטוציאָנאַליזם, אויף וועלכע ס'זיינען

געבויט דאָס רוב איצטיקע קאָנסטיטוציאָנעלע מלוכות.

די ווייסרוסן האָבן אויסגענוצט זייער אָנפירנדיקע לאַגע אין ליטווישן גרויספירשטנטום כּדי צו אַנטוויקלען זייער קולטור בכלל און זייער ליטעראַטור בפרט. די העכסטע אויפבליאונג האָט די ווייסרוסישע ליטעראַטור דערגרייכט אין 16־טן יאָרהונדערט („די גאָלדענע צייט“), דאַן איז בײַ די ווייסרוסן געווען אַזאַ גרויס באַדערפעניש אין אַ בוך, אַז נאָך אין 1491 יאָר דרוקט זיך פאַר זיי אין קראַקאָווער דרוקעריי פון שווייפּאָלט־פיאָל אַ גאַנצע ריי הייליקע ביכער אויף דער קירכלעך־סלאַווישער שפּראַך מיט ווייסרוסישע אָנמערקונגען, און אין 1517 הייבט אָן דער דאָקטאָר פון מעדיצין און טעאָלאָגיע, פראַנציסק סקאַרייִנאַ (געבאָרן אין פּאָלאָצק), צו דרוקן אין פּראָג (אין טשעכיע) זיין ווייסרוסישע איבערזעצונג פון דער ביבל.

די ווייסרוסישע ביבל — איז די דריטע ביבל נאָך דער דייטשער, וועלכע ס׳האָט איבערזעצט לוטער, וועלכע איז אַרויסגעגעבן געוואָרן אויף אַ לעבעדיקער פאָלקס־שפּראַך (די צווייטע איז געווען די טשעכישע ביבל פון 1506 יאָר).

אין 1525 יאָר האָט דער זעלביקער סקאַרייִנאַ געגרינדעט די ערשטע ווייסרוסישע דרוקעריי אין ווילנע — דאָס איז געווען די ערשטע דרוקעריי ניט נאָר פאַר דעם ליטווישן גרויספירשטנטום, נאָר אויך פאַר אַלע מזרחדיקע סלאַוון. די גרינדער פון דער ערשטער דרוקעריי אין מאָסקווע איוואַן פעאָדאָראָוו און פעטער מסטיסלאַוועץ (דער לעצטער שטאַמט פון דער ווייסרוסישער שטאָט מסטיסלאַוול), וואָס זייער דרוקעריי האָט דאָס פאָלק פאַגראָמירט, זענדיק אין איר אַ פּראָדוקט פונם גיהנום (דאָס באַווייזט דעם דעמאָלטיקן קולטור־צושטאַנד פון מאָסקווע), זיינען געווען שילער פון ווייסרוס סקאַרייִנאַ. צום סוף פון 16־טן יאָרהונדערט זיינען שוין פאַראַן אין ווייסרוסלאַנד צענדליקער דרוקערייען; ס׳זיינען געווען דרוקערייען ניט נאָר אין די גרויסע צענטערס, נאָר אויך אין קליינע שטעטלעך, ווי למשל אין יעוויע (די צווייטע סטאַנציע פון ווילנע נאָך לאַנדוואָראָווע), אין קלויסטערס (מאָנאַסטירן), (ווי למשל אין סופּראַסל), אין די הייפן פון אייניקע לאַנדבאַזיצער (למשל, אין נעסוויזש, ביים גוטבאַזיצער ראַדזיוויל), וועלכע זיינען נאָך דעמאָלט ניט געווען פאַרפרעמדט פון זייער פאָלק און האָבן געאַרבעט פאַר זיין קולטור. אויף אַזאַ אופן איז באַשאַפן געוואָרן די פאַר יענער צייט אומגעהייער רייכע אַלטע ווייסרוסישע ליטעראַטור.

פון דער „גאָלדענער צייט“ זיינען אונז געבליבן אומגעהייער רייכע אַרכיוון פון ווייסרוסישע מלוכה־אַקטן, דעקרעטן פון די מלכים, געריכטסרעזאָלוציעס א. אַז. וו. די עלטסטע אַקטן, וואָס זיינען געשריבן אין ווייסרוסיש— שטאַמען נאָך פונם 13־טן יאָרהונדערט (דאָס זיינען האַנדלס־אָפּמאַכן פון סמאָלענסק מיט פּאָלאָצק און ריגע), אָבער דערהויפּט זיינען געבליבן אַ סך אַקטן פון 15־טן, 16־טן און 17־טן יאָרהונדערט.

צום סוף פון 16־טן יאָרהונדערט — דאָס איז נאָך געווען אינדערצייט פון דער העכסטער אויפבליאונג פון דער ווייסרוסישער נאַציאָנאַלער קולטור—

איז פאָרגעקומען אַ געשעעניש, וואָס האָט געבראַכט צו שעדלעכע רעזולטאַטן פאַר די ווייסרוסן: דאָס ליטווישע גרויספירשטנטום האָט ניט קוקנדיק אויף דעם ווידערשטאַנד פון דער ווייסרוסישער אינטעליגענץ, געשלאָסן אַ פאַרבאַנד מיט פוילן — די אַזוי גערופענע לובלינער אוניע (אין 1569 י.), לויט וועלכער ביידע מלוכות האָבן זיך געדאַרפט צונויפגיסן אין איינע.

אַזוי ווי אין יענער צייט האָט אין פוילן די שליאַכטע (דער העכערער קלאַס באַפעלקערונג, דער אַדל) געהאַט זייער ברייטע רעכט (דאָס רעכט צו קלייבן אַ קיניג, דאָס ליבערום=וועטאָ, ד. ה. דאָס רעכט פון יעדער דעפוטאַט פון סיים צו פאַרהאַלטן מיט זיין שטים — אַ באַשלוס פון סיים: אויב אַ דע=פוטאַט פון סיים פלעגט צו אַ וואָסער ס'איז באַשלוס פון סיים זאָגן; „איך ער=לויב ניט“, פלעגט דער באַשלוס ווערן בטל א. אַז. וו.), און אין ווייסרוסלאַנד און ליטע זיינען די רעכט פון דער שליאַכטע אין פאַרגלייך מיט די רעכט פון די געבאָרענע גרויספירשטן געווען באַגרעניצטע, דעריבער האָט די ווייס=רוסישע שליאַכטע געשטרעבט צו דערגרייכן די זעלביקע רעכט, וואָס די פויליש=עע האָט געהאַט. צוליב דעם האָט זי אָנגעהויבן אָנצונעמען דעם קאַטוילישן גלויבן (ביז יענער צייט האָט אין ווייסרוסלאַנד געהערשט די „פּראַוואָסלאַוונע“ רעליגיע, וואָס איז איבערגעגאַנגען פון וויזאַנטיע), איז געוואָרן פרעמד צו איר שפּראַך און אָנגעהויבן ריידן פויליש. און האָט אינגאַנצן איבערגעריסן מיט איר אייגענעם פאָלק, וואָס זיינע ברייטע מאַסן זיינען געבליבן טריי צו דער ווייס=רוסישער שפּראַך, צו די אייגענע מנהגים א. אַז. וו.

אין 1697 יאָר האָט די ווייסרוסישע שליאַכטע, וועלכע איז אינגאַנצן אַוועק פון איר פאָלק, געענדערט דאָס געזעץ, לויט וועלכן די אָפיציעלע שפּראַך פון ליטווישן גרויספירשטנטום איז געווען ווייסרוסיש, און האָט זי פאַרביטן מיט דער פוילישער שפּראַך. אין דערזעלביקער צייט פלאַקערט אין ווייסרוס=לאַנד אויף אַ שטרייט צווישן די רעכטגלויביקע (פּראַוואָסלאַוונע) און די קאַ=טוילן, וועלכער כאַפּט אַרום אַ סך לעבעדיקע קרעפטן פון פאָלק. די פאַר=פוילישונג פון דער שליאַכטע, די פאַרפוילישונג פון דער אַדמיניסטראַציע, די איינפירונג פון דער פוילישער שפּראַך — אַלס אַ מלוכה=שפּראַך, דערצו נאָך— דער רעליגיעזער קאַמף—דאָס אַלץ האָט געבראַכט צום אונטערגאַנג פון דער ווייסרוסישער קולטור, פון דער ווייסרוסישער ליטעראַטור און פון דער ווייס=רוסישער מלוכה=אידעע, און די שווערע פאַנשטשיזנע האָט ניט דערלאָזט אַרויסצוטרעטן אויף דער אַרענע פונם קולטורעלן לעבן די אונטערדריקטע מאַסן — פויערים, ביי וועלכע זייער נאַציאָנאַליטעט און שפּראַך זיינען געבליבן אומבאַרירט.

אָט אין אַזאַ לאַגע זיינען געווען די ווייסרוסן, בעת פוילן איז געפאַלן. ביי דער פונאַנדערטיילונג פון דער פוילישער מלוכה צום סוף פונם 18=טן יאָרהונדערט צווישן רוסלאַנד, פּרייסן און עסטרייך, האָט רוסלאַנד באַקומען גאַנץ ווייסרוסלאַנד. אָבער דער גורל פון די ווייסרוסן איז דערביי ניט געוואָרן בעסער, נאָר אפשר נאָך ערגער. צו די אַלטע אונטערדריקער זיינען

צוגעקומען נייע... שטרעבנדיק צונויפצוגיסן דאָס ווייסרוסישע פאָלק מיטן גרויסרוסישן, האָט די רוסישע רעגירונג באַשלאָסן קודם־כּל צו פאַרטיליקן אַלץ, וואָס עס קען שטערן דער רוסישער ווירקונג צו באַקומען די אייבערהאַנט. אין די דרייסיקער יאָרן פו״ם פאַרגאַנגענעם יאָרהונדערט האָט די רוסישע רעגי־רונג פאָרגענומען אַ גאַנצע ריי פון אַזוינע טריט, ווי דאָס פאַרמאַכן פון דעם ווילנער אוניווערסיטעט, צווינגען מיט גוואַלד אָנצונעמען דעם פּראַוואָסלאַוונעם גלויבן אַלע ווייסרוסן פונם אוניאַטישן גלויבן (אַ מין פאַראייניקונג פון קאַטוי־לישן מיטן פּראַוואָסלאַוונעם גלויבן), וועלכן מע האָט דעמאָלט באַטראַכט, ווי „אַפּויערשן גלויבן", וואָס געברויכט אין זיינע קלויסטערס די ווייסרוסישע שפּראַך, א. אַז. וו.

ניט קוקנדיק אויף דאָס, וואָס אין רוסלאַנד איז דער יאָך פון דער פּאַנשטשיזנע געווען נאָך אַ שווערערער, ניט געקוקט אויף דאָס, וואָס די רעגי־רונג האָט זיך מיט אַלע כּוחות געמיט צו פאַרוואַנדלען די ווייסרוסישע פּויערים— אין רוסישע, איז דאָס נאַציאָנאַלע געפיל אינם פאָלק ניט אָפּגעשטאָרבן. פון צייט צו צייט פלעגן זיך באַווייזן פאָלקס־דיכטער, וועלכע פלעגן אויף דער מוטערשפּראַך באַזינגען דעם ביטערן גורל פון זייער פאָלק און פלעגן אים רופן צום קאַמף פאַר פרייהייט (למשל, פּאַווליוק באַגריים, קאַסטוס קאַלינאָווסקי א. א.). כּדי ניט צו דערלאָזן, אַז דידאַזיקע באַוועגונג זאָל זיך צעוואַקסן, האָט די רוסישע רעגירונג אין 1865 י. פאַרווערט צו דרוקן וועלכע ס'איז ביכלעך אין דער ווייסרוסישער שפּראַך, האָט אינגאַנצן אַרויסגעוואָרפן די ווייסרוסישע שפּראַך פון דער שול און האָט געצוואונגען די ווייסרוסישע קינדער צו לערנען אַלף—בית אויף דער פרעמדער אומפאַרשטענדלעכער רוסישער שפּראַך. דאָס אַלץ האָט, פאַרשטייט זיך, מיט גוואַלד געשטערט דער ווידעראויפלעבונג פון די ווייסרוסן, דאָס האָט אָבער ניט געקאָנט באַזייטיקן דאָס, וואָס איז היסטאָ־ריש אומפאַרמיידלעך: אַ לעבעדיק פאָלק קען מען ניט דערהרגענען, מע קען ניט פאַרענדערן זיין נשמה, און ווי שווער עס זאָל ניט זיין די אונטערדריקונג, מוז אַ פאָלק, וואָס האָט אַמאָל געלעבט אַן אומאָפּהענגיק לעבן, וואָס האָט אַמאָל געהאַט אַ הויכע קולטור, פריער אָדער שפּעטער ווידער אויפלעבן, זיך באַנייען. און דאָס ווייסרוסישע פאָלק האָט אויפגעלעבט.

* * *

דער שטח, וואָס דאָס איצטיקע ווייסרוסלאַנד פאַרנעמט, דערגרייכט ביז 300.000 קוו. וויאָרסט. ער איז אַלזאָ גרעסער פאַרן שטח פונם עטנאָגראַפישן פּוילן, בולגאַריע, רומעניע, גריכנלאַנד, סערביע, בעלגיע, די שווייץ און די ערשטע בעסטע פון די נייע מדינות, אַחוץ אוקראַינע, וועלכע איז אַ סך גרע־סער פון ווייסרוסלאַנד. אַ גענויען בילד פונם שטח, וואָס איז באַזעצט מיט ווייסרוסן גיבן אונז פאָלגנדיקע צאָלן (למשל די רוסישע גובערניעס):

ווילנער גובערניע (די קרייזן: אַ העלפט ווילנער, אַ טייל טראָקער, אַ העלפט סווענציאַנער, ווילייקער, דיסנער, לידער, אָשמענער — — 1.736.700

וויטעבסקער גוב. (קרייזן: וויטעבסקער, וועליזשער, האָראָדאָקער, דריסנער, לעפּעלסקער, נעווּעלער, פּאָלאָצקער, אַ טייל סעבעזשער) — 1.243.400
מאָהלעווער גוב. (די גאַנצע) — — — — — — — — — 4.461.500
מינסקער גוב. (די גאַנצע) — — — — — — — — — 2.498.900
גראָדנער גוב. (די גאַנצע, אַחוץ בריסקער קרייז און טיילן פון ביאַליסטאָקער און בעלסקער — — — — — — — — — 1.165.000
סמאָלענסקער גוב. (קרייזן: סמאָלענסקער, בעלסקער, דאָראָגאָבוּזשער, יעלנינער. קראַסנער, פּאָרעטשער, ראָסלאַוולער) — — — — 1.251.000
טשערניגאָווער גוב. (קרייזן: גאָראָדניאַנער, מגלינער, נאָווגאָראָד־סעווערסקער, נאָוואָזיבקאָווער, סטאַראָדובער און סוראַזשער) — — 1.294.300
אַחוצדעם שניידן זיך די ווייסרוסן אַריין אין די פּאָלגנדיקע שכנותדיקע גוב.

| | |
|---|---|
| קאַלוגער — — — — — — — — — — | 41.100 |
| קאָוונער — — — — — — — — — — | 82.400 |
| קורלענדער — — — — — — — — — | 21.800 |
| אָרלאָווער — — — — — — — — — — | 38.400 |
| פּסקאָווער — — — — — — — — — — | 42.400 |
| סוּוואַלקער — — — — — — — — — | 188.100 |
| טווערער — — — — — — — — — — | 125.000 |

בסך־הכּל דערגרייכט לויט דער ציילונג פון 1914 יאָר די צאָל ווייס־רוסן ביז צוועלף מיט אַ פערטל מיליאָן.

די היסטאָרישע באַדינגונגען האָבן געבראַכט דאָס ווייסרוסישע פאָלק צו דעם, — אַז אינם מאָמענט פונם איבערגאַנג פון ווייסרוסלאַנד אונטער דער הערשאַפט פון רוסלאַנד — זיינען געווען ווייסרוסיש כמעט בלויז די פויערים־מאַסע און דאָס קליינבירגערטום (ד. ה. די קליינע קרעמער און בעל־מלאכות) פון די ווייסרוסישע שטעט און שטעטלעך. די ווייסרוסן, וועלכע זיינען געווען אַראָפּגעדריקט כמעט ביז צו איין — נידעריקסטן — געזעלשאַפטלעכן שטאַנד, זיינען ניט געווען באַקאַנט מיט קיין אַנדער מין אַרבעט, אַחוץ דער ערד־אַרבעט — און דאָס אויף פרעמדער ערד, וועלכע האָט געהערט אָדער דעם אַדל, אָדער דער מלוכה; אַזוי ווי זיי זיינען געווען צוגעפּעסטיקט צו דער ערד, האָבן זיי ניט געקענט אַריבערוואַנדערן אין די שטעט צו באַקומען דאָרטן בילדונג און אַנדערע אַרבעטסמיטלען. אָן אַן אייגענער אינטעליגענץ, וועלכע איז דער אינטעלעקט פון יעדער פאָלק, אָן אַן אייגענער נאַציאָנאַלער שול, און בכלל אָן אַ שול, אָן אייגענער ערד, פירט די ווייסרוסישע פויערים־מאַסע אין משך פון אַ סך, אַ סך יאָרן אַ נעבעכדיק לעבן — ביז דעם מאָמענט, ווען ס'איז בטל געוואָרן די פּאַנשטשיזנע.

הגם די פויערים האָבן דעמאָלט באַקומען זייער ווייניק ערד: די צאָל ווייסרוסן פויערים האָט צו יענער צייט אויסגעמאַכט 76% פון דער גאַנצער באַפעלקערונג פון ווייסרוסלאַנד, און זיי האָבן באַקומען בלויז 47% פון דער ערד, און דאָס — די ערגסטע און סאַמע [אומפּרוכטבאַרסטע, דאָך איז דאַן

דאָס ווייסרוסישע פויערטום אַראָפּ פונם טויטן פונקט. אַדאַנק דעם, וואָס ס'איז בטל געוואָרן די צוואַנג־אַרבעט פאַר די גוטבאַזיצער, האָט דער וואוילשטאַנד פון די ווייס־רוסישע פויערים, געגומען וואַקסן ד. ה. זיי האָבן גענומען ווערן רייכער. ווען ס'איז געווען עוֹג אויף דער ערד (און דאָס האָט זיך געגעבן צו פילן שוין ביים צווייטן דור — נאָך די פאַמיליען־צעטיילונגען), יענער איז אָדער אַוועק אין שטאָט אַריין, אָדער ער האָט זיך אין דאָרף גופא פאַרנומען מיט פויערים־מלאכות. ביז דער לעצ־טער צייט איז אין די ווייסרוסישע דערפער געווען גאַנץ שטאַרק אַנטוויקלט וועבעריי (לייוונט, וואָל), אָבער אין דער לעצטער צייט איז דערדאָזיקער מין דאָרף־מלאכה אַרויסגעשטופּט געוואָרן דורך די פאַבריק־פּראָדוקציע; דערנאָך איז צווישן די פויערים אויך שטאַרק פאַרשפּרייט — טעפּעריי, פאַרשיידענע האָלץ־אַרבעט, ווי שיסעלעך, לעפל, טעלער און אַנדערע הילצערנע כּלים, טאָ־קעריי, פלעכטן פון קערב, אויסאַרבעטונג פון אַלץ, וואָס ס'איז נייטיק אין דער דאָרפישער באַלעבאַטישקייט, אַפילו פון איינפאַכע ערד־אַרבעט־מאַשינעס, ווי דרעש־מאַשינעס, מאַשינעס צו שניידן שטרוי, און אַנד.

(סוף קומט)



דאָס ווייסרוסישע פויערטום איז שוין איצטער עקאָנאָמיש זעלבשטענ־ דיק פון פריץ און אינגאַנצן אומאָפּהענגיק; די פויערישע יוגנט וואַקסט אין אַן אַטמאָספער פון פערזענלעכער פרייהייט; זי שטרעבט צו בילדונג און דרינגט אַפילו אַמאָל אַריין (הגם זייער זעלטן) אין אוניווערסיטעט. דאָס אַלץ העלפט מיט, אַז אין די פויערים־מאַסן זאָל אויפוואַכן דער געדאַנק, אַז זייער לאַגע איז אין אַ גרויסער מאָס אָפּהענגיק דערפון, וואָס פאַר אַ פּאָליטישע אָרדע־ נונג ס׳איז איינגעשטעלט אין לאַנד, אַז זיי קענען ניט בלייבן גלייכגילטיק צו דעם, וואָס פאַר אַ רעגירונג באַלעבאַטעוועט איבערן לאַנד און ווי זי באַלע־ באַטעוועט. די פויערים־מאַסן הייבן שוין אָן צו פאַרשטיין, אַז זיי זיינען פאַר־ אינטערעסירט, אַז אין לאַנד זאָלן איינגעפירט ווערן אַזאַ פּאָליטישע אָרדענונג, אַזוינע נייע געזעצן, וואָס זאָלן זיי פאַרזיכערן אַ בעסערן און דערטרעגלעכערן לעבן, אין די פויערים־מאַסן הייבט ביסלעכווייז אָן אויפצוואַכן דער פּאָליטי־ שער געדאַנק. דער בעסטער באַווייז דערצו איז דער 1905 יאָר.

די ווייסרוסישע פויערים פירן דורך אַ גאַנצע ריי פעסט אָרגאַניזירטע און ביזן סוף אויסגעהאַלטענע שטרייקן, אין וועלכע זיי ווייזן אַרויס אַ זעלטענע אייניקייט און סאָלידאַרישקייט. דורך די דאָזיקע שטרייקן דערשלאָגט זיך דאָס ווייסרוסישע פויערטום אַ סך ערנסטע הנחות פון די גוטבאַזיצער און האַלט איין די דאָזיקע הנחות אויך דאַן, ווען אין רוסלאַנד איז נאָך דער רעוואָלוציע אָנגעקומען די בייזע רעאַקציע. אין קאַמף פאַר פּאָליטישער פרייהייט גייט ווייס־ רוסלאַנד האַנט ביי האַנט מיט די אַנטוויקלטסטע און קולטורעלסטע געביטן פון געוועזענעם רוסלאַנד.

צו דערזעלביקער צייט באַמערקן מיר ביי די ווייסרוסן אַ מעכטיקע שטרעמונג צו נ אַ צ י אָ נ אַ ל ע ר א ו י פ ל ע ב ו נ ג. די דאָזיקע באַוועגונג איז גע־ ווען צוגעגרייט פון איין זייט — דורך דער פאַרבעסערטער עקאָנאָמישער און רעכטלעכער לאַגע פון די פויערים. ווייל, כּל־זמן ס׳בלייבן ניט באַפרידיקט די איינפאַכסטע עלעמענטאַרע עקאָנאָמישע באַדערפענישן, איז שווער צו טראַכטן און טרוימען וועגן אַ פרייער אומגעשטערטער אַנטוויקלונג פון דער נאַציאָנאַ־ לער קולטור, פון אַ פרייען זעלבשטענדיקן לעבן אַלס אַ באַזונדער נאַציע א. אַז. וו. פון דער צווייטער זייט איז די דאָזיקע באַוועגונג צוגעגרייט גע־ וואָרן — דורך דער נאַציאָנאַלער אויפקלערונגס־אַרבעט, וועלכע ס׳האָט געפרובט דורכפירן דאָס קליינע הייפל ווייסרוסישע אינטעליגענץ אין משך פון 19־טן יאָרהונדערט. אונטער דער ווירקונג פון די רעוואָלוציאָנערע אידעען פון מערב־

איירָאָפּע (אָנהייבנדיק פון דער גרויסער פראַנצויזישער רעוואָלוציע) האָבן זיך אין די קולטורעלערע שיכטן פון דער ווייסרוסישער באַפעלקערונג געגומען אַנטוויקלען דעמאָקראַטישע אידעען און אַן אינטערעס צו די פאָלקסמאַסן; און אַזוי ווי דידאָזיקע פאָלקסמאַסן זיינען געווען ווייסרוסישע, אַזוי ווי זייער שפּראַך איז געווען — די ווייסרוסישע, זיינען אָט די ערשטע דעמאָקראַטן גע־ווען געצוואונגען צו ריידן מיט דידאָזיקע מאַסן, זיך ווענדן צו זיי, ערקלערן זיי זייערע אידעען אויף ווייסרוסיש. שוין אין דער ערשטער העלפט פון 19־טן יאָרהונדערט באַווייזט זיך דער פּאָעט־ראָמאַנטיק באַרשטשעווסקי, אַן אָרימער שליאַכטיטש פון וויטעבסקער גוב. נאָך אים גייט אַ גאַנצע ריי מער אָדער ווייני־ניקער טאַלאַנטפולע דיכטער — אינטעליגענטן (רייבינסקי, טשעטשאָט, דונין — מאַרצינקעוויטש, ווערינאָ — דאַרעווסקי, קאָראָטיינסקי א. א.) און רעוואָלוציאָ־נערע טוער מיט קאָנסטאַנטין קאַלינאָווסקי אין דער שפּיץ. דער לעצטער האָט אין זיינע ווייסרוסישע אויפרופן גערופן דאָס פאָלק צום קאַמף מיט דער רו־סישער מאַכט. ער איז אומגעקומען דורך טויט־שטראָף אין ווילנע אין 1864 יאָר. דידאָזיקע רעוואָלוציאָנערע אַרויסטרעטונגען האָבן זייער באַאומרואיקט די רוסישע רעגירונג און זי האָט אָנגעהויבן אָנצונעמען קעגן די ווייסרוסן די שאַרפסטע מיטלען.

אין 1865 יאָר גיט זי אַרויס אַ דעקרעט, וועלכער פאַרווערט צו דרוקן ביכער אויף ווייסרוסיש (דערדאָזיקער דעקרעט איז בטל געוואָרן ערשט אין 1905 י.). צו דערזעלביקער צייט פאַרווערט זי ניט נאָר צו לערנען ווייסרוסיש, נאָר אַפילו צו ריידן צווישן זיך אויף ווייסרוסיש אין דער פאָלקס־שול און בכלל אין יעדער שול (דערדאָזיקער פאַרבאָט האָט פאַרלאָרן זיין קראַפט ערשט דאַן, ווען דער צאַריזם איז געפאַלן!). אָבער אָט די אַלע רעפּרעסיעס (אונ־טערדריקונגען) האָבן זייער ציל ניט דערגרייכט. דער באַרימטער ווייסרוסישער פאָלקס־דיכטער פר. באָגושעוויטש, וועלכער פלעגט שרייבן אונטערן פסעוודאָנים „מאַציי בוראַטשאָק“, דרוקט אָפּ אין אויסלאַנד אַ זאַמלבוך לידער, וואָס טראָגן אַ שאַרפן נאַציאָנאַלן און סאָציאַלן כאַראַקטער — ד. ה. זיי ריידן וועגן די נייטן פון די ווייסרוסן אַלס פאָלק און פון דעם ווייסרוסישן פויער־טום אַלס אונטערדריקטער קלאַס. „די ווייסרוסישע דודקע“ האָט געהייסן דאָס זאַמלבוך, וואָס איז אַרויס אין אָנהייב פון די 90־ער יאָרן. אים טוען נאָך אַנדערע דיכטער. די ביכער, וועלכע מע ברענגט קיין ווייסרוסלאַנד אויף אַ געהיימען אופן, דרינגען אַריין טיף אין פאָלק, מע צעכאַפּט זיי, און איינציקע ווערק ווערן איבערגעגעבן פון מויל צו מויל אַפילו דורך מענטשן, וואָס קענען ניט לייענען.

די נייע פויערשע אינטעליגענץ — דאָס זיינען זין פון געוועזענע לייב־קנעכט, וועלכע דרינגען אויך אַמאָל אַריין אין אוניווערסיטעט און בלייבן דאָך ביי זייער נאַציאָנאַלן באַוואוסטזיין און ביי דער פאָלקספּראַך, ניט קוקנדיק אויף דעם, וואָס די רוסיפיקאַטאָרישע שול באַמיט זיך מיט אַלע כוחות אויס־צוראָטן סיי דאָס ערשטע, סיי דאָס צווייטע. און אַלץ אָפטער און אָפטער באַ־

געגענען מיר ביי די ווייסרוסישע מאַסן דעם אויסדרוק פון נאַציאָנאַלן באַ-וואוסטזיין.

אָבער אין אָנפאַנג איז די ווייסרוסישע נאַציאָנאַלע באַוועגונג גאָרניט אָרגאַניזירט. אמת, אַלע ווייסרוסישע טוער פאַראייניקט דאָס געמיינזאַמע געפיל פון ליבע צו זייער פאָלק, אָבער ס'האָט געפעלט דער געמיינ-זאַמער געדאַנק, וועלכער זאָל באַוואוסטזיניק און פלאַנמעסיק אָנפירן מיט דער טעטיקייט פון באַזונדערע פערזאָנען.

סיי די אַרבעט פון די גשזעלשאַפטלעכע און פּאָליטישע טוער, סיי די אַרבעט פון די געלערנטע (פּראָפעסאָר דאָוונאַר-זאַפּאָלסקי, פּראָפ. קאַרסקי, סאַפּונאָוו, עטנאָגראַף ראָמאַנאָוו, שיין, פעדעראָווסקי א. א.) האָט, פאַרשטייט זיך, געבראַכט פּרוכט, ס'האָט אָבער געפעלט אַ פירער, וואָס זאָל זיי אַלעמען פאַראייניקן, וועלכער זאָל צונויפזאַמלען, און אָפּשפּיגלען אין זיין באַוואוסטזיין די געדאַנקען פון באַזונדערע ווייסרוסן, וועלכער זאָל אַרויסרוקן אַזאַ מין פאָדערונג, וואָס דריקט אויס די וואונטשן פון יעדן ווייסרוס באַזונדער און פאַראייניקט זיי אין איין געמיינזאַמען פאַרלאַנג פון גאַנצן פאָלק, וועלכער זאָל אָנווייזן דעם געמיינזאַמען וועג צו דעם געמיינזאַמען ציל.

אַזאַ מין פירער איז געוואָרן דער באַרימטער ווייסרוסישער געלערנטער, אַרכעאָלאָג (פאָרשער פון אַלטערטום) און געזעלשאַפטלעכער טוער — איוואַן לוצקעוויטש (1881—1919). צום סוף פון די 90-ער יאָרן אָרגאַניזירט ער אין מינסק דעם ערשטן קרייזל פון דער ווייסרוסישער יוגנט, דערנאָך פאָרט ער איבער אין פעטערבורג שטודירן אין אוניווערסיטעט און שאַפט דאָרטן „אַ קרייזל פון ווייסרוסישער פאָלקס-בילדונג", און אין אַ קורצער צייט אַרום — די ערשטע פּאָליטישע פאַרטיי „די ווייסרוסישע רעוואָלוציאָנערע גראָמאַדע" (אין 1903 י.), וועלכע איז אין אַ משך פון אַ סך יאָרן געווען דער צענטער פון דער ווייסרוסישער באַוועגונג. און דערדאָזיקער צענטער איז טאַקע געשאַפן געוואָרן צו דער רעכטער צייט: איבער דער אַליינהערשנדיקער רוסישער רעגי-רונג האָבן זיך שוין געקליבן שווערע וואָלקנס, ס'האָט זיך שוין געפילט דאָס אָנקומען פון דער רעוואָלוציע (1905 י.), און די ווייסרוסן האָבן, אונטער דער אָנפירונג פון זייער צענטער, זיך באַטייליקט אין דערדאָזיקער רעוואָלוציע באַוואוסטזיניק און אָרגאַניזירט. און צו דערזעלביקער צייט זיינען די ווייס-רוסישע מאַסן, קעמפנדיק האַנט ביי האַנט מיט אַלע איבעריקע פעלקער פון גרויסן רוסלאַנד פאַר פרייהייט, געקומען צום באַוואוסטזיין פון זייערע באַזונדערע אייגנאַרטיקע אינטערעסן, פון זייער באַזונדערן אייגנאַרטיקן לעבנסשטייגער, ד. ה. זיי האָבן ערוואַכט אַלס באַזונדערע נאַציע.

די ווידעראויפלעבונג פונם ווייסרוסישן פאָלק, אין ברייטן זין פון וואָרט, הייבט זיך טאַקע אָן פון דעם מאָמענט פון דער רעוואָלוציע פון 1905 י., בעת די פאָלקס-מאַסן זיינען געוואָרן אַריינגעצויגן אין דער באַוועגונג. פון יענער צייט אָן גייט זי אַלץ פאָראויס, שטרעבנדיק צו דער קולטור-נאַציאָנאַ-לער, פּאָליטישער און סאָציאַל-עקאָנאָמישער ווידעראויפלעבונג.

דאָס ערשטע געווינס פון דער רעוואָלוציע פון 1905 י. איז געווען די באַפרייאונג פונם געדרוקטן וואָרט דאַן. איז אויך אָפּגעשאַפט געוואָרן דער פאַרבאָט צו דרוקן אויף ווייסרוסיש. אַחוץ דער רייכער אַגיטאַציע-ליטעראַטור פון דער רעוואָלוציאָנערערצייט, ווערן שוין אין 1906 י., אַ דאַנק דעם אויפטו פון דעמזעלביקן איוואַן לוצקעוויטש, געשאַפן צוויי לעגאַלע ווייסרוסישע צייטונגען „נאַשאַ דאָליאַ" און „נאַשאַ ניוואַ" אין ווילנע און אַ געזעלשאַפט אַרויסצוגעבן ביכער אונטערן נאָמען „אויך צו אונז אין פענסטער וועט אַריינשיינען די זון" — אין פעטערבורג; ס'ווערן געגרינדעט לערנגעזעלשאַפטן, יוגנט-אָרגאַניזאַציעס פון פּויערים און אַרבעטער. ס'ווערט אָרגאַניזירט אַ ווייסרוסישער טעאַטער און אַ כאָר צוערשט אין ווילנע (אין 1910 יאָר), דערנאָך אין מינסק, פעטערבורג און אין אַנדערע שטעט, וואו ס'זיינען דאָ אוניווערסיטעטן, אויך אויף דער פּראָווינץ, ד. ה. אין די קלענערע שטעטלעך. די פּאָליטישע רעאַקציע שטופּט אָפּ די פּאָליטישע אַרבעט אָן אַ זייט. דעם ערשטן אָרט פאַרנעמט די קולטורעלע אַרבעט. דאָס אויפגעוואַכטע דאָרף שטרעבט אַרויסצוזאָגן דאָס אַלץ, וואָס האָט זיך אין אַ משך פון הונדערטער יאָרן אָנגעקליבן אויפן האַרצן פונם פאָלק. און דאָס אַלץ גיסט זיך אויס אין אַ קינסטלערישער פאָרם אין די ווערק פון אָן אַ שיעור דיכטער און אַלערליי שרייבער, וואָס ווערן געדרוקט אין אַ גאַנצער ריי פּעריאָדישע און אומפּעריאָדישע אויסגאַבן („מאָלאָדאַיאַ בעלאַרוס", „לוטשינקאַ", „בעלאַרוס" א. א. די אויבנדערמאָנטע „נאַשאַ ניוואַ" איז דער אָנגעזעענער צענטער פון דערדאָזיקער אַרבעט, אָנהייבנדיק פון 1906 ביז 1915 יאָר.

די וועלט-מלחמה האָט זיך אין דעם ערשטן מאָמענט אָפּגערופן זייער שלעכט אויף דער ווייסרוסישער באַוועגונג. דאָס געדרוקטע וואָרט איז געווען דערשטיקט דורך מיליטערישע צענזור. אַ סך טוער מוזן אַריינטרעטן אין מיליטער, צווישן זיי אייניקע גרויסע דיכטער, ווי יאַנקאָ קופּאַלאַ און קאָלאָס, איינער פון די עלטסטע טוער פון דער באַנייאונג — אַלעקסאַנד׳ר וולאַסאָוו און אַנדערע. ביים אָפּטרעטן פון דעם רוסישן מיליטער פון מערב-ווייסרוסלאַנד מוזן איבערוואַנדערן אויף מזרח העכער אַ מיליאָן ווייסרוסן פון גראָדנער און פון מערבדיקן טייל פון ווילנער גוב. ווייסרוסלאַנד איז געוואָרן צעשפּאָלטן דורך דעם מיליטערישן פראָנט און איז אין אַ משך פון אַ סך יאָרן אויסגעשטאַנען אַלע צרות פון דער מלחמה.

אָבער ניטאָ קיין צרה אָן אַ נחמה. די דייטשע אָקופּאַציע-מאַכט, וועלכע איז גאָרניט געווען פאַראינטערעסירט צו אונטערדריקן די ווייסרוסן, האָט אינם מערבדיקן טייל פון ווייסרוסלאַנד (גראָדנער און ווילנער גוב.) אָפיציעל אָנערקענט די גלייכבאַרעכטיקונג פון דער ווייסרוסישער שפּראַך מיט אַלע איבעריקע שפּראַכן פון דעם קאַנט (ליטוויש, פויליש, יידיש), און האָט גראָד פאַרווערט צו באַנוצן די רוסישע שפּראַך אינם עפנטלעכן לעבן און אין דער פרעסע. און אָט, אַדאַנק דער מי פון אַ קליינער גרופּע ווילנער ווייסרוסישע טוער מיט איוואַן לוצקעוויטש און „ציאַטקאָ" (דער פּסעוודאָנים פון אַלאיזע

קירייס, געב. פּאַשקעוויטש) בראַש, ווערן שוין אין נאָוועמבער 1915 יאָר גע־שאַפן אַ ריי ווייסרוסישע פאָלקס־שולן און לערער־קורסן און צום סוף פון דער דייטשער אָקופּאַציע געפינען מיר שוין אין מערב־ווייסרוסלאַנד 953 ווייסרוסי־שע פאָלקס־שולן, אַ לערער־סעמינאַר אין סוויסלאָטש (גראָדנער גוב.) און צו־לעצט אויך אַ ווייסרוסישע גימנאַזיע אין ווילנע, שוין ניט ריידנדיק וועגן אַ גאַנצער מאַסע נאַציאָנאַלע אָרגאַניזאַציעס, קולטורעלע און עקאָנאָמישע.

אין דער רעוואָלוציאָנערער צייט הייבט זיך אויף אין מזרח ווייסרוסלאַנד אַ שטאַרקע ווייסרוסישע באַוועגונג פאַר דער פולקומער באַפרייאונג פון די ווייסרוסן און פאַר דער ווידעראויפבויאונג פון ווייסרוסלאַנד אַלס אַ זעלבס־שטענדיקע און זעלבסטשטענדיקע מלוכה. אין רוסלאַנד איז דאַן געפאַלן דער צאַריזם. דאָס גאַנצע לאַנד האָט פרייער אָפּגעאָטעמט. ס'האָבן פרייער אָפּגע־עטעמט אויך די קלענערע פעלקער, די אַזוי גערופענע „נאַציאָנאַלע מינדערהייט“, וועמען דער צאַריזם האָט געדריקט און געשטיקט מיט אַן אייזערנעם פויסט. דאָס באַפרייטע רוסלאַנד האָט פייערלעך ערקלערט דאָס „זעלבסטבאַשטימונג“ פון די פעלקער, ד. ה. אַ יעדעס איינציק פאָלק, וואָס באַוואוינט רוסלאַנד, איז אינגאַנצן פריי איינצוּאָרדענען זיין לעבן אַזוי, ווי עס געפינט פאַר בעסער, צוועקמעסיקער און באַקוועמער. צוזאַמען מיט דער אויפמונטערונג פון גאַנצן לאַנד זיינען אויך אויפגעמונטערט געוואָרן צו אַ נייעם לעבן די אונטערדריקטע און אונטעריאָכטע ווייסרוסן. ס'זיינען אָרגאַניזירט געוואָרן אַ גאַנצע ריי ווייסרוסישע צוזאַמענפאָרן. אויף איינעם פון זיי האָבן אָנטייל גענומען ביז 2000 דעלעגאַטן. אויף דידאָזיקע צוזאַמענפאָרן זיינען קלאָר און דייטלעך און סך דריקט און פאָרמולירט געוואָרן די פאָרלאַנגען און פאָדערונגען פון די ווייסרוסן. די ווייטגייענדיקסטע פון דידאָזיקע פאָדערונגען איז — ווייסרוסלאַנד, אַלס זעלבשטענדיקע און אומאָפּהענגיקע מלוכה.

אַ קורצער איבערזיכט פון דער קולטורעלער אַנטוויקלונג פון די ווייס־רוסן ביי היינטיקן טאָג ביי ווייזן אונז, אַז די ווייסרוסן זיינען שוין דערוואַקסן צו אַ פרייען און זעלבשטענדיקן נאַציאָנאַלן לעבן.

דער בעסטער סימן פון דעם קולטורעלן צושטאַנד פון אַ פאָלק, דער ווייזער פון זיין גייסטיקער רייכקייט און שאַפערישער קראַפט — איז זיין ליטעראַטור. ריידנדיק וועגן דער ווייסרוסישער ליטעראַטור, וועלן מיר זיך ניט אָפּשטעלן אויף די ערשטע ליטעראַרישע פרובן אויף דער ווייסרוסישער שפראַך אין משך פון 19־טן יאָרהונדערט, ווי למשל, די דידאַקטישע ווערק פון באַרטשעווסקי, רייפּינסקי, טשעטשאָטאָ. זיי זיינען צו ווייניק קינס לעריש, מע זאָל זיי קענען פאַררעכענען פאַר אמתער ליטעראַטור. די אמתע קינסטלערישע ליטעראַטור הייבט זיך אָן פון דונין—מאַרצינקעוויטשן (אינמיטן פון 19־טן יאָרהונדערט). דידאָזיקע ליטעראַטור איז צוערשט באַשטאַנען פון קינסטלערישע איבערדערציילונגען פונם פאָלקסלעבן, פאָלקס־מנהגים און לעגענדעס. אָבער וואָס ווייטער זי אַנטוויקלט זיך, אַלץ מער אין אָפּטער הייבט זי זיך זוכן נייע צילן, נייע טעמען. שוין באָגושעוויטש (מאַציי בוראַטשאָק) טראָגט אַריין

אין דער ליטעראַטור אַ סאָציאַלן און באַוואוסטזיניק-נאַציאָנאַלן עלעמענט, שוין קאָרוס קאַהאַנעץ (קאַזימיר קאָסטראָוויצקי, געשטאָרבן אין 1918) שעפּט פון דער שיינער פאַרגאַנגענהייט פון ווייסרוסלאַנד, נאָך אים קומט „ציאָטקאָ“ (אַ איזע קיירייס, געשטאָרבן אין 1916 י.) און גיט איבער אין אירע ווערק דעם הייסן אָטעם פון דער רעוואָלוציע פון 1905 י. דער דיכטער פונם ווייס-רוסישן דאָרף, יאַקוב קאָלאָס (קאָנסטאַנטין מיצקעוויטש, געב. אין 1532 י.) זוכט שענקייט אין די גרינע ווייסרוסישע דערפלעך און גיט אַ פולן אוממיטל-באַרן אויסדרוק פון דער נשמה פון דעם ווייסרוסישן ערד-אַרבעטער. ציטקאָ האַרניי (דמיטרי זשולפּאָוויטש, אַ געוועזענער פּאָרזיצער פון דער רעגירונג פון ראַטן-ווייסרוסלאַנד, געב. אין 1887 י.) שפּיגלט אָפּ אין זיינע ווערק די פּסיכאָלאָגיע פון דעם ווייסרוסישן אַרבעטער, יאַסאַקאַר (שמואל פּלאַווניק, אַ ווייסרוסישער ייד, געב. אין 1886 י.) דריקט אויס אין ליד ער און פּראָזע פאַרשיידענע מיסטישע שטימונגען, אַלעס האָרון (אַלעקסאַנדער פּרושינסקי 1887 1920) באַצויבערט מיט דער מוזיק פון זיינע לידער. צולעצט לייכטן אויף אין דער לאַנגער שורה דיכטער פון דער ווידעראויפלעבונג צוויי שטערן: יאַנקאַ קופּאַלאַ (איוואַן לוצעוויטש, געב. אין 1882 י.) — דער אמתער נביא פון דער ווייסרוסישער נאַציאָנאַלער אידעע, וועלכער פּאַרטיפט די דיאָזיקע אידעע ביז אַלגעמיין מענטשלעכע יסודות און „דער זינגער פון ריינער שענקייט“ מאַקסים באָגדאַנאָוויטש (1892—1917). צוגלייך דערמיט אַנטוויקלט זיך די קינסטלערישע פּראָזע, די קליינע דערציילונגען פון טאַראַס גושטשאַ (אַ צווייטער פּסעוודאָנים פון פ. מיצקעוויטש, וועלכע באַצויבערן מיט זייער איינפאַכקייט *). די ווערק פון יאַדוויגין ש. (אַנטאָן לעוויצקי), וואָס אין דער אויפריכטיקייט פונם געפיל האָבן זיי קיין גלייכן ניט, די דערציילונגען פון ביאַדוליאַ, וועלכע זיינען דורכגעדרונגען מיט טיפער שטימונג און געפיל, די קינסטלעריש באַאַרבעטע פאָלק-לעגענדן פון וולאַסט, די שילדערונגען פונם פאָלקס-לעבן פון יאַזעפּ ליאַסיק א. א. לסוף די ווערק פון מאַקסים האַרעצקי, דעם שאַפער פון דעם ווייסרוסישן ראָמאַן, וועלכער ברענגט צו אויסדרוק די אידעאָלאָגיע פון דער נייער פאָלקס-אינטעליגענץ. ס'ווערט אויך געשאַפן אַ ווייסרוסישע דראַמע און קאָמעדיע, און די ווערק פון קופּאַלאַ, אַלעכנאָוויטש, האַלובאָק, אַלעס האָרון (פאַר קינדער) און פון אַנדערע לייגן דעם פונדאַמענט פונם ווייסרוסישן נאַציאָנאַלן טעאַטער, וועלכער פאַרנעמט אינם האַרץ פון ווייסרוסלאַנד — אין מינסק — דעם ערשטן אָרט צווישן די טעאַטערן פון אַנדערע פעלקער.

די באַקאַנטשאַפט מיט דער ווייסרוסישער קינסטלערישער ליטעראַטור באַווייזט באַשיינפערלעך, אַז דאָס ווייסרוסישע פאָלק איז באמת אַ רויס שאַפנדיק פאָלק, אויב זיינע זין זיינען געווען אימשטאַנד אין משך פון עטלעכע

*) איין דערציילונג פון דעמדאָזיקן שרייבער וועלן די לעזער געפינען אין דעם פאָריקן נומער „חבר“.

צענדליק יאָר צו באַשאַפן אַזאַ ליטעראַטור, וועלכע האָט ניט נאָר נאַציאָנאַלע, נאָר אויך אַלגעמיין מענטשלעכע ווערטן, וועלכע פאַרלירט ניט איר שענקייט און איר ווערט אויך אין דער איבערזעצונג אויף אַנדערע שפּראַכן (למשל, די איבערזעצונגען פון יאַנקאַ קופּאַלאַס ווערק אויף דער רוסישער שפּראַך פון וואַלעראָ בריוסאָוו, באַלמאָנט, קאַרינפּסקי און אנד.).

וואָס איז שייך צו אַנדערע פאָרמען פון קינסטלערישער שאַפונג, ווי למשל מוזיק מאָלעריי א. אַ., זיינען זיי נאָך דערווייל שוואַך אַנטוויקלט. אָבער ס'איז צוגעגרייט אַ פרוכטבאַרער באָדן אויך פאַר זייער אַנטוויקלונג. דאָס באַווייזט די רייכקייט פון די פאָלקס=ניגונים, די רייכקייט פון אָרנאַמענטן (באַצירונגען) אויף די שטאָפן, וואָס ווערן געוועבט פון פאָלק, דער באַזונדערער ווייסרוסישער סטיל אין דער בוי=קונסט, באַזונדערס אין דער אַרכיטעקטור פון די הילצערנע קלויסטערס און גלאָקנטורימס א. אַז. וו.

דער צווייטער וויזער פונם קולטורען צושטאַנד פון אַ פאָלק איז — די וויסנשאַפט. אויך אין דעם געביט שטייען די ווייסרוסן ניט אָפּ פון די איבעריקע סלאַווישע פעלקער. די ווייסרוסישע היסטאָריקער — דאָווניאַר=זאַפּאָלסקי, לאַפּאָ=דאַנילעווסקי, ליובאָווסקי, פּיטשעטאָ און אַנד. — אַלץ פּראָפעסאָרן פון רוסישע אוניווערסיטעטן — דאָס זיינען ווייסרוסן, וואָס אַרבעטן ספּעציעל איבער דער געשיכטע פון זייער פאָטערלאַנד און וואָס זיינען באַרימט ניט נאָר אין רוסלאַנד, נאָר אויך אין אייראָפּע. צוגלייך ניט זיי טיילט זיך אויס דער בעסטער קענער פון דער אַלטער ווייס=רוסישער שפּראַך, דער מחבר פון אַ דרייבענדיקער ווייסרוסישער וויסנשאַפטלעכער גראַמאַטיק, דער מיטגליד פון דער וויסנשאַפטלעכער אַקאַדעמיע, פּראָפ. ע. קאַרסקי; אַ צווייטער ווייסרוסישער שפּראַכפאָרשער, ב. טאַראַשקעוויטש, האָט געשאַפן די ערשטע וויסנשאַפטלעך באַגרינדעטע גראַמאַטיק פון דער לעבעדי=קער ווייסרוסישער שפּראַך. ווייטער גייט אַ ריי ווייסרוסישע עטנאָגראַפן (פעלקער=פאָרשער), ווי דער מחבר פונם ערשטן ווייסרוסישן ווערטערבוך (העכער 30,000 ווערטער). נאָסאָוויטש וואָס זיין ווערק אויף עטנאָגראַפיע האָט די פּעטערבורגער וויסנשאַפטלעכע אַקאַדעמיע אָפּגעדרוקט אין 1870 י.; דאָן ראָמאַנאָוו, שיין, פעדעראָווסקי (זיינע ווערק זיינען טיילווייז געוואָרן אַרויסגעגעבן פון דער קראָקער וויסנשאַפטלעכער אַקאַדעמיע); דער באַריטער ווייסרוסישער אַרכעאָלאָג (קענער פון אַלטערטום) און געזעצ=שאַפטלעכער טוער איוואַן לוצקעוויטש, וועלכער האָט געגרינדעט דעם ווייס=רוסישן נאַציאָנאַלן מוזיי, דער כעמיקער פּראָפעסאָר איוואַנאָווסקי א. אַז. וו. אין אַלע צווייגן פון דער וויסנשאַפט. איצט איז קיין חידוש ניט, וואָס אין 1919—1920 האָט אין מינסק עקזיסטירט די ערשטע ווייסרוסישע העכערע שול— דער פּעדאַגאָגישער אינסטיטוט, און ביי היינטיקן טאָג ווערט דאָרטן אָרגאַני=זירט אַ ווייסרוסישער אוניווערסיטעט, אַן אינסטיטוט פון דער ווייסרוסישער קולטור און אַ פּאָליטעכניקום. אין ווילנע אַרבעט אַ ווייסרוסישע וויסנשאַפטלעכע געזעלשאַפט.

אויפן געביט פון שול=וועזן האָבן די ווייסרוסן פאַר דער לעצטער צייט זייער פיל אויפגעטאָן, אַחוץ עטלעכע הונדערט פאָלקס=שולן האָבן זיי געעפנט

אַ ריי גימנאַזיעס, פּראָגימנאַזיעס, לערער־סעמינאַרן, האָבן געשאַפן די נייטיקע שול־ליטעראַטור, און אַ ווייסרוס קען דורכגיין אויף דער מוטער־שפּראַך דעם גאַנצן ציקל (די גאַנצע ריי) וויסנשאַפטן, אויף אַלע שטופן פון דער שול

אינדערצייט פון דער אַלגעמיינער אויפלעבונג, בעת פּאָליטישע פראַגן האָבן פאַרנומען דעם ערשטן אָרט האָט, די ווייסרוסישע פּרעסע (צייטונגען, זשורנאַלן) און פּובליציסטיק (די ליטעראַטור, וואָס פאַרנעמט זיך מיטן באַטראַכטן טאָג־טעגלעכע געזעלשאַפטלעכע פּראַגן) דערגרייכט זייער אַ הויכע אַנטוויקלונג. דער פּאָליטישער געדאַנק פון דעם ווייסרוס איז געקומען צום אויסדרוק אין אַ גאַנצער ריי וואָכנבלעטער, חודשדיקע זשורנאַלן און טעגלעכע צייטונגען (למשל: „דער ווייסרוסישער שליאַך", „דאָס קלינגען", „דער ווייסרוס", „דאָס סאָוועטישע ווייסרוסלאַנד" — אין מינסק, „דאָס ווייסרוסישע וואָרט" — אין גראָדנע א. א.). פון די זשורנאַלן דאַרף מען אָנווייזן אויף „דאָס יונגע ווייסרוסלאַנד" אין פּעטערבורג „וואַרטאַ" (די וואַך) — אין מינסק, און „אונזער פעלד" — אין ווילנע א. א. ס'ווערן אויך אַרויסגעגעבן פאַרשיידענע ספּעציעלע זשורנאַלן: אַ זשורנאַל פאַר דאָרפס־ווירטשאַפט, „די סאָכע", פאַר דער יוגנט „לוטשינקאַ" (אין מינסק), אַ כּטודענטישער זשורנאַל „ראַניצא" (אויפגאַנג) אין פּעטערבורג א. א.

אַלס ווייזער פון דער קולטורעלער אַנטוויקלונג פון די ווייסרוסן — קען אַ מ ענדע דינען די אַנטוויקלונג פון זייער געזעלשאַפטלעכקייט: ס'עקזיסטירן אַ מאַסע פּאָליטישע פּאַרטייען (אַ סאָציאַל־דעמאָקראַטישע, סאָציאַל־רעוואָלוציאָנערע, קאָמוניסטישע, אַ פּאָלקס־פּאַרטיי, אַ דעמאָקראַטישע, אַ נאַציאָנאַלע א. א.), אַ מאַסע פּראָפעסיאָנעלע אָרגאַניזאַציעס (לערער־פּאַראיינען, פּאַראיינען פון זשורנאַליסטן, פון סצענע־אַרבעטער, קינסטלער א, א. אַלערליי וויסנשאַפטלעכע, וואוילטעטיקע און רעליגיעזע געזעלשאַפטן (פּראַוואָסלאַווע און קאַטוילישע, ווייל די ווייסרוסן טיילן זיך לויט אָט די צוויי רעליגיעס אין דער באַציאונג פון 1 : 3), אין דאָס אַלץ דריקט זיך אויס דאָס געזעלשאַפטלעכע לעבן פון די ווייסרוסן, און אין דערזעלביקער צייט אַנטוויקלען זיך די עקאָנאָמישע אָרגאַניזאַציעס פון די פּאָלקס־מאַסן אין דער פאָרם פון ק אָ אָ פּ ע ר אַ צ י ע.

אַזוי אַרום זעען מיר, ווי די ווייסרוסן, וואָס זיינען אַ מ אָ ל געווען אַ פ ר יי און אומאָפּהענגיק פּ אָ ל ק, לעבן ווידער אויף נאָך אַ פילהונדערטיאָריקער אונטערדריקונג, און באַשאַפן יסודות פון אַ נייעם לעבן, קודם־כּל יסודות פון אַ קולטורעלן לעבן. זייענדיק דורכגעדרונגען מיט אמתן דעמאָקראַטיזם, וועלכער ליגט אין תוך פון דער אידעע פון ווידעראויפלעבונג פון די פּאָלקס־מאַסן, גייען די ווייסרוסן אויפן וועג פון נאַציאָנאַלער שאַפונג האַנט ביי האַנט מיט אַלע פעלקער, וועלכע זיינען, גלייך ווי זיי, געצוואונגען צו קעמפן פאַר זייערע מענטשלעכע רעכט, פאַר זייער נאַציאָנאַלן אידעאַל. און דידאָזיקע פּאָזיציע (די לאַגע) — איז אַ גאַראַנטיע פאַרן פרידלעכן צוזאַמענלעבן מיט יענע שכנים, ווי למשל מיט די יידן, וועלכע פאַרמעסטן זיך ניט אויף דער פרעמדער נאַציאָנאַליטעט, נאָר זיי שטרעבן אַליין צו אַ פרייען לעבן.

ווילנע, אָקטאָבער 1921.

טאַראַס הושטשאַ.

# א דארפס=יונג*).

זוי וועט עס ווייטער זיין — איז שווער צו זאָגן. גיכער פאַר אַלץ — ניט גוט. און אַזוי טראַכט זיך אויף מיכאַלקע אַליין, שטייענדיק עטלעכע מאָל אין טאָג אויף די קני. ער האָט שוין אויפגעהערט אַפילו צו באַקלאָגן זיך אויף זיין גורל און שטייט שוין געהאָרזאַם אויף די קני אין ווינקל. און דער ווינקל איז אים אַפילו נאָענט און ליב געוואָרן, ווי אַן אייגענער, און ס׳איז קיין חידוש ניט: דער אָרט, וואו מיר פאַרגיסן די ערשטע טרערן און לאָזן איבער אַ שטיק פון זיך — ווערט אונז ליב און טייער. און אין דעם דאָזיקן ווינקל האָט מי-כאַלקע אַ סך איבערגעטראַכט, און נאָר ער, אָט דער ווינקל אַליין, ווייס אַלע זיינע געדאַנקען, וואָרום פאַר ועמען אויסצוריידן דאָס האַרץ האָט ניט מיכאַלקע...

אַי, די שטאָט! אויף צרות האָט מען אַהער דעם קליינעם מיכאַלקע גע-בראַכט. און ערגער פאַר אַלץ איז דאָס, וואָס קיינער האָט דאָ אויף אים קיין רחמנות ניט, קיינער זאָגט קיין גוט=וואָרט ניט פון זיינעטוועגן. און אַמאָל לויפט מיכאַלקע אַרויס אויפן הויף, וואו ס׳בלאָנדזשעט אָפט אַריין אַ הונט, אפשר אויך אַזאַ שלימזל אין שטאָט ווי מיכאַלקע; וויל מיכאַלקע כאָטש פאַרן הונט זיין האַרץ אויסריידן. אָבער ווי נאָר ער נעמט פאַרפירן מיטן הונט באַ-קאַנטשאַפט, צוזאַרפנדיק אים אַפריער אַ שטיקל ברויט (און ווי קריגט מען

---

*) טאַראַס הושטשאַ אַ באַקאַנטער ווייסרוסישער שריפטשטעלער. זיין נאָמען איז י. מיצקעוויטש.

ברויט, אויב ניט בגניבה?)—ווי די שוועגערין זיינע קלאַפּט שוין צו אים דורכן פענסטער. ווייס שוין מיכאַלקע וואָס ער האָט צו טאָן; ער גייט צוריק אין שטוב אַריין און שטעלט זיך אין זיין ווינקל. און אַז עמיץ פרעגט אים אַמאָל וואָס שטייט ער עפּעס אויף די קני, ערקלערט ער אַזוי:

— איך בין נאָך אַ „דאָרפס־יונג”, איך כ׳ווייס ניט די שטאָטישע מנהגים און קען זיך ניט האַלטן, שלאָגט מען עס אַרויס פון מיר די דאָרפישע זיכן.

— און דעם דאָרף האָסטו ליב? וואָלסט געפאָרן אַהין?

איידער ער ענטפערט, קוקט זיך מיכאַלקע מיט פּחד אַרום און ענטפערט שטיל:

— כ׳וואָלט געפאָרן.

אמת, מיכאַלקע איז ניט לאַנג געקומען פון דאָרף. אָבער ס׳רעדט זיך נאָר אַזוי—„געקומען”. פּשוט, מ׳האָט אים צוגענומען פון דאָרטן און געבראַכט אין שטאָט, ווייל אינדערהיים איז פאַר אים קיין אָרט ניט געווען. דער טאַטע איז געשטאָרבן, די מאַמע—געשטאָרבן, האָט מען אים צוגענומען אַהער. איצט, דאַנקען גאָט, איז שוין נשקשה—ער האָט זיך שוין צוגעוואוינט. אָבער פון אָנהייב איז געווען גאַנץ ביטער. פלעגט טרעפן, מ׳זעצט זיך צום טיש. אויפן קליינעם טישל ביי דער טיר שטייט דער סאַמאָוואַר. ער פּייפט אויף כל־ערליי שטימען, אָדער פּישטשעט, ווי אַ חזיר אין פּאַרקאַן, אַזש אַ פאַרע שלאָגט פון אים. אויפן טיש שטייט פּוטער. דערביי אויפן טעלער ליגן גאַנצע שטיקער ווייסע, ווייסע בולקע, אַזוינע, צום טייוול, טשיקאַווע, אַז מיכאַלקע קען גאָר די אויגן ניט אָפּרייסן.

— וואָס גלאָצסטו אַזוי די אויגן, ווי אַ וואָלף אויף אַ חזיר?

מיכאַלקע לאָזט אַראָפּ די אויגן, כאַפּט זיך צו דער הייסער גלאָז און רייסט גלייך אָפּ פון איר די אָפּגעבריטע האַנט. די גלאָז פאַלט מיט אַ קלונג אויפן טעצל. די טיי, ווי טייוואָלים וואָלטן איר געשטופּט, גיסט זיך אויס איבערן טיש און אויף מיכאַלקעס הויזן. מיכאַלקע שפּרינגט אויף פון שטול און שטייט מיט פונאַנדערגעשפּרייטע הענט.

— דבר־אחר איינער! — הערט ער דעם ברודערס ברוגזדיקן קול.

— פון אַ קאָריטע דאַרף מען דיר קאָרמענען — גיט צו די שוועגערין.

וואָלט עס בעסער פאַרברענט געוואָרן, די טיי מיט דער בולקע, וועלכע קריכן שוין איצט מיכאַלקען גאָר אין מויל ניט.

און אַפילו אַז אַלץ גייט דורך בשלום, דאַרף נאָך מיכאַלקע נאָכן עסן אַ דאַנק זאָגן. און דאָ טרעפט אויך אָפט אַ צרה. אָנשטאָט צו זאָגן „בלאַגאָדאַריו” שיסט ער אויס אויף דאָרפיש: „דזיאַקויו” *).

— וואָס פאַר אַ „דזיאַקויו”?

מיכאַלקע פּילט, ווי די אויערן פאַררויטלען זיך ביי אים. עפּעס שעמט ער זיך צו זאָגן „בלאַגאָדאַריו”, אים דוכט זיך, אַז מע וועט אים אויסלאַכן.

---

*) „בלאַגאָדאַריו” — הייסט אויף רוסיש אַ דאַנק. „דזיאַקויו” — אויף ווייסרוסיש.

אָבער דאָס איז אַלץ געווען פריער. איצט האָט ער זיך שוין, גאָט צו דאַנקען, אויסגעלערנט זאָגן אַ דאַנק, ווי אין שטאָט פירט זיך, ווען מ'דאַרף און ווען מ'דאַרף ניט. אָבער פון דער אַנדער זייט מיט איין „בלאַגאָדאַריו", קען מען דאָך ניט לעבן אויף דער וועלט — און דאָ קומען אָן נאָך אַנדערע צרות. דאָס קען מען זען כאָטש דערפון, וואָס עטלעכע מאָל אין טאָג קומט מיכאַלקען אויס צו שטיין אויף די קני. דאָ זאָגט ער עפּעס ניט אַזוי, דאָ גייט ער ניט, ווי מ'דאַרף, און פאַר אַלץ האָבן געליטן די אויערן און די קני. ס'איז געקומען דערצו, אַז מיכאַלקע האָט גענומען פאַריבל האָבן אויף די אויערן און די קני. וואָלט ניט געווען גלייכער, ווען אין קאָפּ וואָלטן בלויז לעכער געווען, צו וואָסערע רוחות דאַרף מען נאָך האָבן די אויערן? אָדער די פיס! צי וואָלט ניט גלייכער געווען ווען זיי וואָלטן זיך אינגאַנצן ניט געבויגן. אָט האָט מיכאַלקע געפּרובט גיין, ניט אײַנבויגנדיק די קני, און ס'האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז ניט בויגנדיק די פיס קאָן מען אויך אַרומגיין.

ערגער, ווי תּמיד, איז אים געווען פרילינג און זומער־צייט, ווען דער בלויער הימל הענגט אַזוי ליבלעך אַראָפּ איבער דער ערד, ווי אַ מוטער איבער איר קינדס וויג; און די וואָלקנדלעך! ווער ווייס, פון וואַנען זיי קריכן אַרויס און שוועבן זיך אַזוי שטיל, גרינג, אַזוינע ליבלעכע און האַרציקע. ער וואָלט זיך גאָר אַרויפגעזעצט אויף זיי און אַוועקגעשוואומען צוזאַמען מיט זיי אַבי נאָר וואָס ווייטער פון דאַנען צו זיין. און די זון שמייכלט אַריין אין פענסטער, און אין סאָד זינגען די פויגלעך און מיט אַ פריילעכן טשיריקען פליען אַרום די וואָראָבײטשיקעס אין דער לופטן.

לאַנג קוקט מיכאַלקע דורכן פענסטער און צום סוף דערפילט ער, אַז ער איז ניט בכּוח בייצושטיין דעם רוף פון פרילינג. ער קוקט זיך אַרום, צי וועט אים קיינער ניט פאַרהאַלטן, און גייט שטיל אַרויס אויפן הויף. צוגעטו־ליעט ערגעץ אין אַ ווינקל, שטייט לאַנג מיכאַלקע אויף דרויסן, אין די מינוטן קלערט ער גאָרניט, ער פילט בלויז, ווי אָנגענעם און וואַרים ס'ציטערט אויף זיין קליין קערפּערל. און גוט און פריילעך ווערט אויפן האַרצן. און וואָס אינעווייניק אין דער נשמה טוט זיך — קען מען גאָרניט אויסדריקן. פאַר די אויגן שוועבן אַדורך היימישע בילדער פון ווייטן דאָרף, וואו מיכאַלקען האָט זיך אַזוי פריי געלעבט און אויף אַ רגע פאַלט אים איין אין האַרצן, ווען ער דערמאָנט זיך אָן איצטיקן לעבן. און פון גאַס דערטראָגן זיך פאַרשיידענע קולות פון פיס, וועלכע טרעטן איבערן טראָטואַר, פון קאַפּיטעס, וואָס קלאַפּן איבערן ברוק, קולות פון דער רוישיקער שטאָט.

לאַנג שטייט אַזוי מיכאַלקע. און פלוצלונג כאַפּט אים אָן אַ חשק זיך דורכצולויפן. ווי אַ פייל, טראָגט ער זיך איבערן הויף, יאָגט זיך נאָך די וואָ־ראָבײטשיקלעך, ביז וואַנען די שוועגערין הייבט ניט אָן צו שרייען דורכן פענ־סטער, ער זאָל גיין שפּילן זיך מיט לידאָטשקען.

דער גאַנצער כּישוף ווערט אָפּגעטאָן פון זיין נשמה, און מיט אַ זיפץ, שלעפּט ער זיך אין שטוב אַריין. און דאָ באַדריקן אים אַלץ מערער די גע־

דאַנקען, אַלץ שטאַרקער ציט אים אויף דרויסן, אַלץ מיט אַ גרעסערן כּוח, אַלץ דייטלעכער שטעלן זיך אים פאַר די אויגן די פּרעכטיקע בּילדער פון היימישן דאָרף.

די הויז, וואו מיכאַלקע האָט געלעבּט, איז געשטאַנען בּיים עק שטאָט. די פאַרוואָרפענע געסל, אויף וועלכער ס'זיינען געדיכט געווען אָנגעבּויט היל־צערנע הייזער, האָט געפירט הינטערן שטאָט אַרויס, אין פעלד. מיכאַלקע איז ניט איינמאָל אַרויסגעלאָפן אין גאַס און מיטן חוש־הריח פון אַ דאָרפישן מענטשן פלעגט ער פאַרשטיין, אַז ניט ווייט דאַרף זיין אַ פעלד. איינמאָל איז ער אַוועק ווייט פון שטוב. ער האָט זיך ניט געקענט מער איינהאַלטן און איז אַוועקגעלאָפן צום בּערגל, וואָס האָט פריילעך אַראָפּגעקוקט מיט זיין געלן זאַמד. מיכאַלקע איז אַרויפגעפלויגן אויפן בּערגל. אונטן איז געלעגן די שטאָט, ס'האָבּן געפינקלט די בּלישטשעדיקע שפּיצן פון די קלויסטערס. דאָ און דאָרטן האָבּן הויך אין הימל אַריין אַרויסגערוקט זייערע קוימענס די פאַבּריקן, פונאַנדערשפּרייטנדיק אינדערלופטן לאַנגע עקן שוואַרצן רויך. און פון צווייטן זייט האָט זיך פונאַנ־דערגעלייגט אַ פעלד, ס'האָט זיך געשוואַרצט אַ וואַלד און פריילעכע וועלדלעך. און נאָך ווייטער האָבּן זיך קוים געזען דורך דער בּלוילעכער לופט די דעכער פון פויערשע הייזלעך. און אַזוי שטאַרק האָט מיכאַלקען אַהין אַ צי געטאָן, אַזש דאָס האַרץ האָט אים צונויפגעפּרעסט. מיכאַלקע האָט זיך ניט געקענט אָפּ־רייסן פון איין אָרט: דאָרטן, האָט זיך אים געדוכט, ליגט דער וועג צום היימישן דאָרף. גאָטעניו, ווי גוט ס'איז איצט אין דאָרף! אָט שטייט מיכאַלקע, דאָ אויף דעם בּערגל, און פאַר זיינע אויגן שטייט דער דאָרף, און אַזוי קלאָר און דייט־לעך האָט ער אים נאָך קיינמאָל ניט געזען, אַפילו, ווען ער האָט געלעבּט אין אים. אָט איז דער הויכער בּאַרג איבּערן סאַמע ניעמאַן. אונטער דעם בּאַרג שטייען איינגעבּויגענע אַלטע ווערבּעס, לעבּן זיי זיינען אין טייך אַזויפיל ראַקעס תּמיד געווען. און דאָרטן ליגט די גרינע לאָנקע און ווייטער ציט זיך דער הוי־כער, תּמיד פאַרכמאַרעטער וואַלד. מיכאַלקע פלעגט אַמאָל מורא האָבּן פאַר דעם וואַלד. דערהויפּט פלעגט דער וואַלד אויסזען מוראדיק און אָנגעבּרוגזט צוליבּ דעם געדיכטן אָלכע־וועלדל, וועלכער האָט זיך ווי אַ גרינער פאַרקאַן געצויגן פאַזע דעם וואַלד. אָבּער איצט איז מיכאַלקען דער וואַלד געווען אַזוי ליבּ און געוואונטשן, אַז, ווען ער קען, וואָלט ער אים אַרומגענומען און געקושט.

מיכאַלקע האָט זיך אַזוי פאַרקלערט, אַז ער האָט גאָרניט בּאַמערקט, ווי דער בּרודער איז צו אים צוגעגאַנגען.

— וואָס טוסטו דאָ, חבֿרה־מאַן איינער? האָט אים אַ פרעג געטאָן דער בּרודער און אים אַ צי געטאָן פאַרן אויער.

מיכאַלקע האָט אויפגעציטערט, ווי אַ גנבֿ, וועלכן מ'כאַפּט פאַרן האַנט.

— אַהיים גיי!

דאָס ייִנגל האָט זיך געכאַפּט מיט דער האַנט צום אויער, וועלכער האָט געבּרענט, ווי אין פייער, און איז אַוועקגעלאָפן אַהיים, ניט דערוועגנדיק זיך אַפילו אומצוקוקן.

פּאַר אַזאַ אויפפירונג, האָט מען אים פאַרוועָרט צו גיין שפּאַצירן.
אָבער מיכאַלקע האָט זיך ניט פאַרבעסערט.

וואו?! ער האָט גאָר פאַרקלערט אַזאַ זאַך, וואָס אַלע וועלן שטוינען. און ביזוואַנען־וואָס־ווען האָט ער זיך שטילערהייט צוגעגרייט צו ערפילן דאָס, וואָס ער האָט פאַרקלערט. אין סאַמע פאַרוואָרפענעם ווינקל אונטערן בעט, דאָרטן, וואו אַפילו דער בעזים פון זייער דינסטמיידל, נאַסטיע, האָט זעלטן ווען אַריינגעשמעקט, האָט מיכאַלקע צונויפגעלייגט פאַרשיידענע זאַכן, וואָס זיינען נייטיק אין וועג, וואָרים ביי מיכאַלקען איז געבליבן אַנטלויפן פון דאַנען. האָט ער צוגעגרייט אַ שטיקלאַך אַכט צוקער און אַ שטיקל ברויט און סקאָרינקעס. אמת, דאָס ברויט וועט ווערן פאַרטריקנט, אָבער מיכאַלקע קלערט צו טרעפן אין וועג אַ קרעניצע, וועט ער דאָס ברויט טונקען אין וואַסער. צוזאַמען מיט דידאָזיקע זאַפּאַסן איז געלעגן אַ פילקע און אַ גומילאַסטענער מענטשל, אין וועלכן מ׳האָט נאָר געדאַרפט אַ בלאָז טאָן, ער זאָל נעמען פייפן, ווי אַ לעבעדיקער. דאָס האָט מיכאַלקע אָפּגעגנבעט ביי לידאָטשקען. ער וועט דאָס ברענגען אַ מתנה זיינע קרובים, וואָרים ווער קומט דאָס פון שטאָט אָן מתנות?

איצט איז געבליבן בלויז אויפצונייען אַ טאָרבע, כדי אויפצולייגן אין איר אַלץ, און דאַן... פון דעם איין געדאַנק אַליין פלעגט אַזוי גרינג ווערן אויפן האַרצן.

אויפן וועג וועט ער נאָך אַריינגיין אין יענעם דאָרף, וואו זיין ברודער האָט פריער געדינט. אין דעם דאָרף האָט מיכאַלקע פאַרלאָרן אַ סך געלט—אַן ערך פופצן קופּערנע קאָפּיקעס. ער וועט זיי זיכער געפינען, ווייל ער געדענקט גוט דעם אָרט, וואו ער האָט זיי פאַרלאָרן, און ער האָט זיי ניט געפונען גלייך, בלויז דערפאַר, וואָס מ׳האָט זיך געאײַלט און ער האָט ניט געקענט זוכן, ווי ס׳דאַרף צו זיין.

לאַנג האָט מיכאַלקע ניט געקענט אַיינשלאָפן יענעם שבת אינאָוונט: מאָרגן פרי וועט ער זיך לאָזן אין וועג. שווער וואָלט געוועז זיך פונאַנדערקלייבן אין די געדאַנקען, וואָס האָבן זיך איצט געפּלאָנטערט אין קאָפּ ביי אים... אָבער, וואָס מאַכט עס אויס?!

ער וועט אויפשטיין און אַוועקגיין; ער וועט קודם־כל דערגיין ביז יענעם בערגל, און פון דאָרטן איז שוין גרינג צו געפינען דעם וועג. מ׳דאַרף נאָר גיכער אַיינשלאָפן, כדי זיך מאָרגן גאַנץ פרי צו אויפצוכאַפּן.

מיכאַלקע פאַרמאַכט שטייף די אויגן, אָבער, ווי אויף צו להכעיס, אַנטלויפט פון אים יעדער שלאָף, און ערשט אום האַלבע נאַכט ווערט ער אַנטשלאָפן.

ניט געקוקט דערויף האָט זיך מיכאַלקע אויפגעכאַפּט פרי פאַרטאָג, האָט זיך שטיל אויפגעהויבן פון געלעגער, זיך אַרומגעקוקט און צוגעהערט זיך. דער ברודער און די שוועגערין זיינען נאָך געשלאָפן און אַפילו די זשאַבע, לידאָטשקע, אַפילו יענע האָט זיך אויך ניט גערירט.

שטיל אָנגעטאָן זיך, האָט מיכאַלקע פּאַמעלעך אַרויסגעצויגן זיין טאָרבע, אין וועלכער ער האָט נאָך נעכטן צונויפגעלייגט אַלע זאַפּאַסן.

ער האָט זיך נאָכאַמאָל אומגעקוקט און טרייסלענדיק זיך מיטן גאַנצן קערפּער, האָט ער זיך צוגעגנבעט צו דער טיר און גיך אַ נעם געטאָן פאַרן שליסל. אַ דריי געטאָן און אָפּגעחלשט: דער שליסל האָט גראָד, צום אומגליק, אַזאַ סקריפּ געטאָן, אַז אַלע האָבן זיך געוויס אויפגעכאַפּט. פון שרעק האָט מיכאַלקע אַרויסגעלאָזן די טאָרבע פון האַנט, אָבער אַלץ איז געבליבן שטיל. ווייזט אויס, קיינער האָט ניט דערהערט. מיכאַלקע האָט אויפגעהויבן די טאָרבע, שטיל געעפנט די טיר און איז אַרויס אויפן הויף.

כ׳ווייס ניט, צי צום גליק אָדער צום אומגליק פאַר מיכאַלקען זיינען די טויערן פון הויף געווען פאַרשלאָסן; דער הילצערנער פּאַרקאַן, ווידער, איז גע־ווען אַזאַ הויכער, אַז אַריבערקריכן איבער אים איז געווען אוממעגלעך.

עטלעכע מינוט איז מיכאַלקע אַרומגעלאָפן איבערן הויף, זוכנדיק אַן אַרויסגאַנג אויף דעם האָט ער זיך גאָרניט געריכט, אַז אַזאַ מניעה זאָל אים קאַליע מאַכן דעם גאַנצן פּלאַן. און אפשר וואָלט ער סוף־כל־סוף ווי ס׳איז אַריבערגעקראָכן, אָבער צום אומגליק איז גראָד זיין ברודער אין דער רגע אַרויס אויפן הויף.

מיכאַלקע האָט געמיינט, אַז ס׳קומט שוין אַ סוף צו זיינע יאָרן — אַזוי שטאַרק האָט אים געשלאָגן דער ברודער.

וואָס קען מען מאַכן, אַז ס׳גייט ניט? לעבט זיך מיכאַלקע, ווי פריער, אין שטאָט און טרייסט זיך בלויז דערמיט, וואָס אינגיכן וועט געוויס זיין לעבן נרינגער ווערן — אינגיכן, ווען מ׳וועט פון אים אַרויסשלאָגן די דאָרפישע זיטן.

(איבערזעצט פון ווייסרוסיש).



# יוגנט־ביבליאטעק „חבר"

אין פארלאג „נייע יידישע פאָלקסשול" זיינען דערשי־
נען 18 העפטן פון דער נייער יוגנט־ביבליאָטעק „חבר":

1. לעגענדעס וועגן ווילנער גאון — געזאמלט פון ה. לונסקי.
2. לעגענדעס וועגן בעל־שם טוב — געז. פון ש. באסטאמסקי.
3. ש. אַנ־סקי (ביאָגראַפישע שטריכן) „ „
ביַיגעלייגט „דער דין־תורה" און אנ־סקיס מעשהלעך, איבערדערציילט פון י. פאט.
4. שלום־עליכם — ביאָגראפישע שטריכן.
5. וו. קאָראָלענקאָ — זאמלהעפט.
(אין א שלעכטער געזעלשאפט. פייערלעך. ביאָגראפיע — געשריבן פון מ. שור).
6. פ. דאָסטאָיעווסקי — זאמלהעפט.
7. דער יידישער סיים. — א. פ.
(א בלעטל יידישע געשיכטע).
8. אין דער שליסלבורגער תפיסה (וערא פיגנער און ל. וואָלקנשטיין) — באארבעט פון מ. חיימסאָן.
9. אין דער שליסלבורגער תפיסה (חיים גערשקאָוויטש) יידיש — מ. חיימסאָן.
10. די לעבעדיקע פאָטאָגראַפיע (קינאָ) — באארבעט — מ. חיימסאָן.
11. דער חורבן פון פאָמפע׳ע — פון א. ניעטשאיעוו, יידיש — מ. ליטוואק.
12. מיין רייזע צום וואַסערפאַל ניאַגאַראַ — ס. מעטש, יידיש — מ. חיימסאָן.
13. אינם לאַנד פון אייז און נאַכט — יידיש — מ. חיימסאָן.
14. די אַנטדעקונג פון דרום פאָלוס — „ „
15. קאַטוקא — דערציילונג פון ר. קיפלינג.
16. דער קליינער לאַנגאויער (די פלעדערמויז) — טשארלז ראָבערטס, יידיש — מ. חיימסאָן.
17. דער נוים פון געזונטהייט — לויט סלעפצאָוא, יידיש — ידידיה.
18. די ווייסרוסן — אַנטאָן נאָווינא. ביַיגעלייגט — דער דאָרפס־יונג — דערציילונג פון טאראַס הושטשא.

---